### י. גרינשפאַן

וואַרפן אַרבעטער אַריבער,
ווי בליציקע ראַקעטן,
אַנגעגליטע רופן פון דער היגער קאָמפּאַרטיי.
פאַלן אין דעם זוים די רופן,
ביז עס נעמט אים דורך אַ פיבער
און ער הייבט אָן זיך צורירן,
ווי אַ קייט פון קריעס אייז
אונטער פרילינדיקע שטראַלן.

שטעקט די זון אין מיטן הימל
און קוקט זיך צו צום בייזן וואונדער,
ווי עס גליווערן געליימטע די פאַבריק-זשאַנדאַרן,
און שרעקן דאָ בלויז קליינע קינדער,
ווי גראָע טשוטשעלעס אין פּולע, זומערדיקע גערטנער.

---

גאַנץ פרי
פלעכט זיך ווי אַ ווירבל-ווינט אין גאַס אַריין
פון מעכאַנישע „אַריינשלעפּער"
דער געלער וואַגזין.
— „ביליק, ביליק!"
ריטשעט ער און קוויטשעט:
— „בלויז פופציק סענט דער „בלאָער מאָרד",
גאַראַנטירט".
טראָגט דער געלער וואַנזין אום אין האַנט
זיין „ערן-וואָרט":
— „דו קריכסט אַריין
אין אַן אַנצוג אָן אַריסטאָקראַטישן און אָן עמעסער פּאָר שיך
און ווערסט אַ פראַנט
פאַר דרייצן דאָלאַר בלויז!".

ביליק, ביליק!
אין דרויסן פון קליינ'ס „מעציע-קראָם"

## צ ו י ש ן  ו ו ע נ ט

קעמפן ביילעוועגע ווייבער מיט באַשמינקטע פלעפּערס פּאַר אַ
„נעקסט“.

ציען אָפּגעפּליקטע קינדער זיי צו בייגל־קאַשיקעס
און וויינען זייער הונגער אויס;
און אינווייניק אין קראַם —
וואַרפן ניכפּעדיק די הענט צענדאָלארדיקע פּאַקערינס,
ביז ס'באַרואיקט זיי אַ קאַלטער שוויים
און זיי פּאַלן אין כאַלאַשעס אום —
ביליק, ביליק!
— „זייט מענאַדעוו אַ פּאַר סענט און קויפט זיך אויס די זינד
באַם זון באַם איינציקן פון גאָט,
וואָס האָט זיך קרייציקן געלאָזט פון אייערטוועגן“ —
ביליק, ביליק!
פּעדלט די „סאַלוויישאָן אַרמי“ אָפּן ראָג
און ווערט פּאַרטויבט פון דער פאַלשער פרייד,
וואָס וואַרפט זיך אין דער לענג און ברייט
און שרייט אַרויס פון ביליקן טאַבלאָיד:
— “LINDY’S BABY IS A BOY!”
און פון די אופריכטיקע קוילעס פון די גאַסן־איגגלאַך
וואָס טוען טפילע
און רייסן זיך צו קניען פּאַר אַ מיזעראַבלען ניקל
צו פאַרשטויבטע שיך פון „זינדיקע“
וואָס איילן דאָ פּאַרביי.

---

בליט און שפּרייט זיך אויס אַרום דער דריטער עוועניו:
דער קינאָ־וואָדעוויל־טעאַטער
און „ספּיק איזי“־האַנדל,
ווי גרינלאַך־ראָזע וואונדן
אַף אַ האַלב־פאַרפוילטן קערפּער פון אַ סיפילימיקער.

ווינקען בלאָ און פורפורדיק
די „קישעפדיקע“ פענצטער פון דעם „טאַנץ־זאַל“;

י. גרינשפאן

און פון צוויי באַטאָג
ביז צוויי פאַרטאָג
שרייט פאַרשייט
די דזשאַז־מוזיק און קראַנקע נאַקעטקייט
אַראָפּ צו טראָטוארן.

שטייען אָפּ דאָ שאָען לאַנג,
ווי גוילעמס צוגענאָגלטע,
מאַכנעס הונגעריקע מענער.
שטייען זיי און דויערן אַזוי
מיט בליקן אופגעהאַנגענע
אַף שטיקער טאַיווע־פלייש
און אויערן — אַף אַרגיעדיקע טענער.

האַוועז דאָ, ווי מאַראָדערן אַפן פראָנט
צווישן אַ פאַרלאָרענער אַרמיי,
פּימפּס
און פעדלער
פון ראַפינירטער „פאַריזער" פּאָרנאָגראַפיע
און לייזן אוים די מאַזלדיקערע פון זיי...

מיט ראָז־ און מירמל־קרעניץ פון גלידער מיידלשע
איז דאָ אייביק אויסגעצירט דער דרויסן פון בורלעסק.
טאַנצט דאָ אַ גראָטעסקער אַרבל־צופּער אום,
ווי עפּעס אַ מעשונעדיקער לעץ,
און פּלאָנטערט די פאַרבייוואָגלער אַריין
אין אַ גראָבער, מעגושעמדיקער פערזן־נעץ:

“Here you have it,
Here you have it,
Here you have it, brother;
Here you get

## צווישן ווענט

The hottest thrill
Without any bother . . .

"Don't get married,
Don't get married,
Don't get married, boys;
Here you get
All you want —
ניסים ווּעניפלאָיעס..."

און ווי אַ בלישטשענדיקע פּאַווע,
פינקלט פראַנק־און פריי אַרום אַף טראָטואַרן
קימאַט אַ נאַקעטע די פּראָסטיטוציע,
און ס'ווינקט זיך צו וואַוויליונגעריש צו איר פון יעדן ראָג
אַ בלאָער, בלאַטער שוימער פון דער יו. עס.־קאָנסטיטוציע.

---

וואַקלען טרעמפּס פּריטשמעליעטע דאָ אַרום,
פאַרוואַגלטע אַהער פון דער שכיינעסדיקער באָוערי.
שיילן לייבער זיך אַרום האַריק, טאַטואירט און וואונדיק
פון העמדער — קויטיקער פון טראָטואַרן.

פינקלען העפקערדיק פון הויזן־קעשענעס —
פון הענגענדיקע אַף מישקוילעס, אָפּגעבליאַקעוועטע הויזן —
פלעשלאַך „וואָוד־אַלקאָהאָל", שו־פּאָליש און „הווייט מיול"
און אַנדערע צענטענטיקע, גיפטיקע געטראַנקען.

פלעכט אַריין די איינזאַמקייט דעם טרעמפּ
אין אַ געדראַנג פון מענטשן טויזנטער.
פינטלט ער זיך שאָטנדיק
אַקעגן זון,
אַ לעבעדיק־געשטאָרבענער

י. גרינשפאן

אין אַ טויהודיקער וועלט,
ווי אַ נאַכט־וואַנדלער אַקעגן דער לעוואָנע.
פינטלט ער זיך שאַטנדיק אַזוי אַקעגן זון,
מיט אויגן טעמפּע, צוגעגליווערטע
צו אַ ווייט אַ טונקעלער,
וואו עס רוען שוין פון ווער־ווייסט־ווי לאַנג
זיינע פאַרשטאַרבענע כאַלוימעס.

וואַקלט זיך דאָ אום אַזוי דער טרעמפּ;
און אַף פאַרברענטע, ברודנע קאַרע־ליפּן
וויאַנעט קרום און ווייַנענדיק אַ שמייכעלע;
און עס קאַפּען אַסיענדיק פון דאָרט אַרונטער
אָפּגעפליקטע, נאַגנדיקע ווערטער פון אַ שיקער־לידל:
“It’s a long, long way
To that glorious city,
Where the beer ’n’ booze’s floodin’
Like a rain in a hurricane . . . ”

---

ג

באַנאַכט
שפּייט אָן די שטאָט אהער אַ מאָדנעם ערעווראַוו,
ווי סע שפּייט אָן אין ערגעץ אין אַ בוכטע אַ פאַרוואָרפענער
דער אָוונטיקער צופלוס פון דעם יאַם
דעם אָפּפאַל פון אַן אַלטן, האַלב־צעשטערטן האַפן.

ציען זיך,
ווי אַלט־אידישע מעקוינענים צו דער מעאַראַסהאַמאַכפּיילע,
קולטורעלע קלאָג־מוטערס און קוואָרעם־לייט.
צו דער גויסעסדיקער „סיוויק רעפּערטאָרי“ —

## צ ווי ש ן ווע נ ט

וואָס קאָרטשעט זיך פון צופיל יאָרן,
פון שרעק פאַרן געלן וואַנזין וואָס לויערט הערנערדיק אַף איר
פון אַלע זייטן;
און טוליעט זיך צום אַלטן, בייזן ציטאַדעל,
ווי זי וואָלט אַ שוץ אין שוים באַ אים געזוכט. —
ציען זיך צו איר
בירגערלאַכע פיינשמעקער, בענקער און באָהעמען,
ווי צו קייווערןאָוועס,
און רופן דאָרטן אוף אונטערגאַנג-קאָלעגן;
און באַהעפטן זיך מיט מעיסים —
העלדן
פון טשעכאָווס און אַנדרייעווס דראַמען.

ציען זיך צום „לייבאָר-טעמפּל"
שטערנזועער און מאָשיאַך-זוכער אַלערליי,
מאָסטיאַנער, טראָצקיאַנער, „איינשטייניסטן" און סטאַמיאַנער,
ליבעראַלן, טעאָסאָפן און האָבאָ-„פילאָזאָפן"
און האַנדלען דאָרטן איין פאַר אַ קוואָדער טוירע.

פילט אַ דוירהאַפלאָגע אָן
די קאַפייען און „פּריוואַטע" רעסטאָראַנען
פון דער גאַס און פון דער שכיינעסדיקער סעקאָנד עוועניו.
גייען קנוילן רויכן אוף און רייד
איבער מיזבעיכעס
פון שוואַרצער קאַווע און עכטן „פּראָהיבישאָן".
זיצן אָנגעדווייקעטע,
איינגעהילט אין קטוירעס ווי אין טפילע-הייזער,
און ריכטן אָפּ דאָ ריטואַלן:
בירגער-„אינטעלעקטואַלן",
דיכטערלאַך און הורן-דילעטאַנטן,
ציאָניסטן, שאַנסאָנעטן, סאָציאַל-פאַשיסטן,

י. גרינשפאַן

ניטשע־רעזיגנאַציע־פעדלער,
קולאַקן־העלדן, מעצענאַטן, קרעמער, „קולטוריסטן“,
דעמאַגאָגן, דעמאָקראַטן, „אַנאַרכיסטן“, לעסבים, האָמאָס
און „ספיק איזי“־בעלפער.

גייען ווייריוויכדיקע רייד און רויכן אויף,
און וויקלען זיך און הענגען איבער קעפּ,
ווי מוטנע, סאָף־ווינטערדיקע הימלען;
און לאָזן זיך, ווי נעבלען, אין דער טונקלקייט צוריק אַראָפּ
און טויוולען זיך אין שוואַרצער קאַווע און אין „פּראָהיבישאָן“ אָפּ;
און מישן אויס:
גאַנדים פּאַציפיזם, איסט בראָדווייער סאָציאַליזם
און הערצלס „יודענשטאַט“
מיט דר. לאַנגס באַהויפּטונג, אַז כאַיעם פּראַקטיציר׳ן „סיקסטי ניין“;
דעם פּראַגער גוילעם מיט ניטשעס „איבער מענטש“;
די נירוואַנאַ סאָקיאַ מונים מיט כאַלוימעס מוסאָלינים;
די „קונסט לעשעם קונסט“, בריאַנס פּאַן אייראָפּאַ
און הוואוערס „גאָלדן איידזש פּראָספּעריטי“
מיט "דיאַגנענס קלוגע" רייד —
און פּלאָנטערן דאָס אַלץ אַריין —
אינם פינקלדיקן קלייד
פון דער מויד,
וואָס שלייכט זיך קעציש דאָ אַרום
מיט אַ רענצעלע אין האַנט —
גרייט
זיך און יעדן ערשטן „סאָקער“
אין אַ דערבייאיקן האָטעל
פאַר אַנגעפּאַרענע מאָך־ און ווייב דערקלעדן;
און דערנאָך —
די גרויקייט פון זיין לאַנגוויל
און די טונקלקייט פון צימער.

## צווישן ווענט

מיט איר קראַנקן, מאַרענירטן פלייש צוזאַמענגליען
און פאַנאַדערעגנענען אַזוי־אַרום אַ נאַכט
אַף פאַרסאַמטע גאָלד־ און פייער־פונקען.

אין טיפע, סוידעסדיקע ווינקלען הילן שאָטנס איין
בלאָנדע און שוואַרצכענעוודיקע, יונגע מיידעל־מעצענאַטן.
זיצן זיי און האַלטן ברייט צעעפנט קינדעריש־גאַפנדיקע אויגן
און שטייף־פאַרמאַכטע ביכלאַך דעקאַדענץ —
צוגעפּאַסט צו נאַכט־קאָסטיומען,
און הערן דורך היפּנאָז,
ווי עס קישעפן פאַר זיי „סעקס־פּאָעטן"
„ליבע־לידער"
וואָס זיי האָבן צונויפגעפלאָכטן דורכן טאָג
אַף „קולטורעלע" טרעפּ פון דער שטאָט־ביבליאָטעק.

שפּייען קיי־טאַבאַק
און פאַרגייען זיך אין הייסע, ראַפינירטע זידלערייען,
אַלטע, אויווערבאָטלדיקע וואַבלי־מאַגיקער,
און רופן שוין צום מאָל צום טויזנטסטן אַרויס,
פון אַ וועלט אַן ערשט־ניט־לאַנג־פאַרגאַנגענער,
זייער אַלטער „גלאָרי".

הייבן בראַווע וואַבלי־קדוישים זיך אַרויס
פון ליולקעס קוקורוזענע
אַף בלאָע, רוכניעסדיקע פליגלען.

שווינדן ווענט פון קאָפי פּאַטס און בּיליקע קאַפייען;
און עס וויקלען זיך פאַנאַנדער וועגן איינזאַמע
און ראַשיקע שאָסייען
פון דער אַראַנזשעווער און בלאָער, טרוימערישער וועסט.

### י. גרינשפאן

שפאַנט אַף זיי אַרום,
פּאַראַדים פון וואַגאַבונדיש-קעמפּעריש אַרמייען,
פרענק ליטל,
באַם זייט פון דעם סאָלדאַט און רויטן לאַמבערדזשעק,
וועסלעי עווערעסט.

פייפן פראַכט-באַנען אין בלאָע, בענקענדיקע נעכט אַריין
יאַטיש-קעמפּערישע לידער
פון דעם בונטאַר און אַרבעטער-פּאָעט, דזשאָו היל;
און ס'צעצינדן זיך די אָרענגאָנער וועלדער
פון דעם דונערדיקן קאָל פון „גרויסן ביל".

---

יאָגן זיך דאָ אייביק אום,
קאַפּאַקאַל,
צעדולטע מאָרגנס, אָוונטן, און טעג, און נעכט,
ווי אַף עפּעס אַ מעשוגעדיקן געהענעם-קאַרניוואַל.

שאַלט די פאַלשע פרייד
און טאַנצט
און פלעכט אַריין
דעם גלאַנץ פון „ווייסן וועג",
דעם בלאָען „גריניטש"-פּוסט- און פּאַס
און דעם פון שוויים צעפּריעטן איסט סיידער האַס
אין אַ וואַנזיניקן כוילענויפּל-טאַנץ.

נאָר,
אין שכיינעס מיט דער קאַפּאַקאַלעדיקער גאַס
שפּרייט זיך האַרט און טראָציק
דער רויטער יוניאָן סקווער,
ווי אַ סאָוועטן-לאַנד,

## צווישן ווענט

וואָס ברויזט אַקשאַנעסדיק און ליכטיקט זיך אַרוים
פון שוים פון בורזשואזן גסיסע־בראַנד.

גיסן זיך גאַנץ אָפּט אַריין אַהער,
דורך זשאַווערדיקן אינגעווייד פון שטאָט,
פון אייביק־טונקעלע און ברודיקע קוואַרטאַלן,
מאַכנעם האָרעפּאַשניקעס
מיט שלאַכטפעלד־ערנסטקייט אַף פּענימער.

פּראַלן דאַמאָלט אויסרופן דאָ אויף, ווי שטיקער דינאַמיט.
וויגן דאַמאָלט פויסטן זיך, ווי באָמבעס אין דער לופט.
לייזט זיך אויף פאַר פּאַכאַד דאַן די פאַלשע פרייד.
נעמט אַ שוידער דאַמאָלט דורך דעם פּוסט־ און פּאַס.
און ווי אַ ווינט אין אָנהייב מערץ,
טראָגט זיך דורך איבער דער שטאָט דער האַס,
און לייטערט זי,
און לייטערט אָט די גאַס...

## וויכטיקע באַמערקונג:

אויף זייט 34, אין דעם ליד „טשיין־גענג”, דאַרף אָנגעהויבן ווערן לייענען פון דער 15טער שורע „האָב איך אַן אומענדלאַכן, לאַנגן פּרימאַרגן” ביז אַרונטער, נאָכדעם — פון אויבן ביז דער 15טער.

## פֿאַרנאַכט אין שאַפּ

פֿאַרנאַכט, ווען ס'ליגט דער טאָג שוין אַ דערוואָרגענער און גויסעסט,
און ס'הויבן אָן באַ דער מאַשין ווי טשערעפּאַכעס קריכן מיינע הענט,
צעוויגט אין מיר זיך אַזוי אומרואיק מיין בענקשאַפֿט
נאָך קאָרן־ברויט און רו צווישן איינזאַמע פֿיר גרויע ווענט.
אַ גאַנצן טאָג זיץ איך און וועט זיך מיט דער נאָדל —
ווער וועמען וועט דאָ פֿלינקער איבעריאָגן;
איצט הענגען שוין די הענט באַ מיר ווי אָפּגעדאַרטע צווייגן
און אין מיין לייב הויבט אָן אַ מידער אומעט מיך צו נאָגן.
ס'וועלן באַלד אין שטאָט זיך אָנצינדן לאַמטערנס
און אין פֿאַבריקן וועלן קרומע רוקנס אויפֿהערן זיך בויגן,
אַף אַלע גאַסן וועלן מידע קערפּערס זיך צעיאָגן
און זוכן רו מיט גיריקע צערייצטע אויגן.
כ'וועל ווי אַ הונגעריקער וואָלף מיין אָוונט־ברויט פֿאַרצוקן
און נאָך באַם טיש צעכראָפּן זיך ווי איבער טרוקן האַלץ אַ טעמפּע
זעג;
כ'וועל כאָלעמען פֿון גרויסע לאַבנס ברויט געטונקענע אין פּוטער
און פֿון צעבראָכענע מאַשינען און אַרבעטלאָזע טעג.

לייב סאַברין

# ס'ליד פון אַלטן אָפּערייטער

— 1 —

ס'האָט זיך דער אַלטער מוישע-יאָס שוין לאַנג דערוואוסט:
אַז ס'קענען נאָדלען זיך פאַרקלייבן אין אַ שאַרבן,
אַז ס'קענען אָדערן ווי פעדים זיך פאַרקניפּן
און אַף אַ האָריק לייב זאָלן זיך באַווייזן זשאַווערדיקע קאַרבן.
צווישן גרויע ווענט האָט ער די טעג זיינע און יאָרן אויסגעשטעפּט
און איינגעזאַפּט אין זיך ס'געוויין פון די מאַשינען,
יעדע נאַכט אין שלאָף האָט ער פון רו געכאַלעמט און געוויינט
ביז ס'פלעג מיט שערן אויפשניידן די וויעס זיינע דער באַגינען.
צי האָט די זון אַ פּאָנים פון מאַראַנצן-שאָלעכץ?
צי צוויטעט גאָר אַף איר, ווי אַף די פענצטער אינם שאַפּ אַ גרינער שימל?

וואָס ווייסט דען מוישע-יאָס פון אָט די פרעמדע זאַכן?
אַז איבער אים אין שאַפּ העגנט נאָר אַ פלעקעדיקע סטעליע — ניט קיין הימל.
ס'האָט די לאַסט פון די מאַשינען אויסגעקרימט זיין לייב,*)
און ס'האָט די הויט מיט פאַלדן אויסגעצירט זיין שטערן,
ווי באַ אַ ניכפּעניק האָבן זיך צעציטערט זיינע הענט
און פון די נעפּלדיקע אויגן רינען ברודנע טרערן.
אַז ס'זאָגן לייצים אים אַמאָל: „רעב מיסטער מוישע-יאָס,
מ'רעדט אַז ניט קיין „ציטעזנס“ שיקט מען איצט אַרויס פון לאַנד!“

*) אַלטע אָפּערייטערס האָבן ליב צו דערציילן פאַר אונדז יונגע (און ווען זיי דערציילן, דערציילן זיי דאָס ווי אַ לעגענדע), ווי זיי פלעגן מיט 25—20 יאָר צוריק און נאָך פריער טראָגן זייערע אייגענע ניי־מאַשינען אַף די אַקסלען, ווען זיי פלעגן זוכן אַרבעט, אין שאַפּ האָבן זיי גענוצט אייגענע מאַשינען.

## צווישן מענטשן

איז וואָסזשע קאָן דער מוישע־יאָס זיי ענטפערן דערויף?
„אַז פון די שניידער באַ קאָלומבוסן איז ער די עלטסטע האַנט“.

אין די פאַרנאַכטן, ווען ס'ווערט דערשטיקט דער גרילץ פון די מאַשינען
און ס'דאַכט זיך, אַז די רעדער סאָפּען איצט ווי מידע פערד,
הערט ער מיט די טעמפּע אויערן „פון יענעם גרויסן סטרייק, וואָס מ'האָט אין ריסנלאַד געצעטלט“
און „פון דער שטאַרקער „יוניע“, וואָס גיט דאָרט באַלעבאָטים קיין ערד“.
ווי אַ פאַרגאַפטער פליעסקעט דעמאָלט מוישע־יאָס מיט זיינע ליפּן
און גלאָצט ווי אַף גרויס כאַריפעס זיינע טרערנדיקע אויגן;
מיט זיינע ברוידנע פינגער רייניקט ער די אויערן זיך אויס
און ווייסט ניט, צי זאָל אַן אַלטער איד, ווי ער, די יונגע לייטיס גלויבן.

— 2 —

נאַכט מעקט אוים די געלע פליאַמען פון דער סטעליע
און מאָלט פאַר מוישע־יאָסן שווארצע קווייטן אַף די ווענט.
ערגעץ, הערט ער, וויינען דאַכט זיך קינדער
און ס'בינדט אים אימיצער מיט גליענדיקע דראָטן זיינע הענט.
אַף אַלע שויבן פּויקט דער טויט מיט פייערדיקע נעגל,
און ס'וויקלט זיך אין גרינע פלאַמען זיין מאַשין;
אין מיטן שאָפּ צעפּעפּענען זיך קוואָרים
און ס'טאַנצן דאָרט אַף נאָדלען זיינע טויטע זין.
ווי אַ בעטלער שטייט אַצינד פאַר אים דער באַלעבאָס
און ליינגט אַוועק באַ זיינע פיס אַ זאַק מיט געלט —
נאָר מוישע־יאָס דאַרף באַלד גאָר גיין „צעטלען“
דעם גרעסטן סטרייק, וואָס ציט זיך אַף דער גאָרער וועלט...

ל י י ב  ס א ב ר י ן

## צו אַ מיידל

ס'דערמאָנט מיר ס'פּאָנים דיינס אָן אוקראַינער זומערדיקע נעכט,
ווען ס'קוקט־אַראָפּ פון טונקל־בלויען הימל אַ פאַרכאַלעמטע לעוואָנע,
ווען פּאַסן זילבער שניידן זיך אַריין אין נאַסן גראָז,
און ערגעץ וואו פאַרגייט אַ קאָל זיך אין אַ ליד, ווי אָף אַ דינער
ציטערדיקער סטרונע,
דיין קוטשעראַווע קאָפּ דערמאָנט מיר אָן מיין שטעטל,
וואו ס'גייט פאַרנאַכט פון פעלד אַ טשערעדע שעפּסן איינגעהילט אין שטויב,
וואו אַ קליין לעמעלע, וואָס קוקט מיט שטומע דאַנקענדיקע בליקן אָפן פּאַסטעך,
מעקעט־אויס צום גרינעם פעלד אַ לויב.
דאָ אין פאַבריק האָסטו די טעג דיינע אַריינגעוועבט אין טרויער
און דיינע הענט ווי יונגע לאַשעקלעך מיט דער מאַשין פאַרמאָסטן;
ווי אין אַ שטייג צוויי דרעמלדיקע ווייסע טויבן
הוידען זיך אין בוזעם דיינע שטייפע בריסטן.
אין די פאַרנאַכטן רוען דיינע מידע בליקן אָף מיין שטערן
און גאָרסט, כ'זאָל מיט מיין שער, ווי מיט אַ שווערד, אַ פּאַכע טאָן
און דיך אַ כאַפּ טאָן ווי אַ ריטער,
כ'זאָל אָף אַ פלינקן פערד מיט דיר זיך יאָגן איבער בערג און טאָלן,
און אין אַ קישעפדיקן שלאָס דיר לייגן רוען דיינע מידע גלידער...

צ ווי ש ן  מ ע נ ט ש ן

# אין שאָפּ

אַז כ'פּאָרע זיך באַם בוזים פון אַ קלייד
און שטעפּ דאָרט קווייטן אויס פון זייד אָדער געוואַנט,
דאַכט זיך מיר: כ'ליג, מיידל, איצט, מיט דיר אין טיפן גראָז
און ס'בלאַנדזשעט אום אַף דיינע בריסטן מיין צערייצטע האַנט.
דער טאָג גייט־אויף אַ גרויער דאַ אין שאַפּ
און קריצט דעם אומעט אויס אַף יעדן שלעפעריקן פּאָנים,
האָרבעס שפּיציקע צעלייגן זיך אַף פּלייצעס
און ס'רוט אַף וויעס נאָך אַ ניט־דערשפּינטער כאָלעם.
כ'זאַפּ איין אין זיך ס'געוויין פון דיין דערשטיקטן אומרו
וואָס ווײַנט־אַרויס באַ דיר פון יעדן צאַרטן גליד;
אָ, מיידל, הער דעם גרילץ פון מיין מאַשין —
כ'זינג דורך איר צו דיר מיין שוויסיק ליד.
ווי ס'רינט דאָס בלוט, פון לעמעלעך געשאָכטענע, אין בוינע אַף דער ערד,
רינען טראָפּנס זון דאָ איבער ברוינע שויבן;
ס'שפּרינגען־אום אַף דער מאַשין די הענט דיינע, ווי שוועלבעלעך אַף דעכער,
און טראַכסט פון אויסגעבעטע נעסטן, וואו ס'דרעמלען פאָרלעך טויבן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

כ'האָב ערשט די לעצטע שטראַלן פון דער זון פאַרנאַרט אַף מיין מאַשין
און אופגענייט מיט פעדים גאָלדענע פאַר דיר אַ קלייד, —
איז נעם מיין אָרימע מאַטאָנע צו און פּוץ זיך אויס
מיר וועלן היינט באַנאַכט זיך לאָזן זוכן אונזער פרייד...

ל ײ ב  ס א ב ר י ן

## אָפּאָלסטערס

מיט קלײנע העמערלעך װי קינדערישע צאַצקעס
ציען מיר װי קונצנמאַכער טשװעקעס פֿון די מײלער;
באַגלען־צו צו שטולן טעג פֿון אונזער לעבן,
פּוצן־אױס דיװאַנען מיט זאַפּט פֿון יונגע לײבער.

װײסט ניט קײנער װעמען װעט באַשערט זײן
פֿון טעג דאָ צוגענאָגעלטע געניסן,
װײסט ניט קײנער װעמען װעט באַשערט זײן
אױפֿן זאַפּט פֿון אונזערע לײבער זיצן..

דאָ אױפֿן דיװאַן װעט עפּשער זיצן אַ פֿאַרליבטע פּאָר:
רײדן מיט געפֿײלטע װערטער פֿון שעקספּירס „מאַקבעט",
פֿון דרײסטע ריטער און פֿאַרקישעפֿטע פּרינצעסנס —
און שטיל אין די געדאַנקען זעען זיך אין בעט.

און עפּשער װעט דאָ זיצן אַ באַגװידערטע מאַדאַם,
אױסצײלן אױף פּערל אירע אַלטע זינד,
פֿאָכען מיט אַ װײער אױפֿן פֿעטן פּאָנים
און געניצן איר לאַנגװײל צו מיקל אַנדזשעלאָס אַ בילד...

## מיין טאַטנס טויט

ס'האָט פאַר מיר אין כאַלעם זיך באַוויזן מיין טויטער טאַטע,
איינגעהילט אין ווייסן איז ער געשטאַנען לעבן מיין בעט;
מיט קאַלטע ליפּן האָט ער מיר געקושט דעם שטערן
און מיט אַ געלער האַנט די קרייזלדיקע האָר מיינע געגלעט.
שווערע ווערטער ווי פון בליי געגאָסן
האָבן זיך געקייקלט פון זיין מויל און מיר דערציילט:
אַז ערגעץ וואו אַף עלן סטריט אין אַ פייכטן קעלער
האָט ער קאָלדרעס פּליושענע און זיידענע גענייט.
און איינמאָל, ווען ער האָט געוואָלט אַריבעריאָגן די נאָדל פון מאַשין
האָט אים אָנגעהויבן בייסן אַרום האַלדז די הויט,
פון זיין מויל האָט בלוט אַ פאַרב געטאָן אַ בלויאינק-קינדעריש-
קאָלדרעכל אַף רויטס —
און ס'האָט אים אַפן דיל אַוועקגעלייגט דער טויט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איצטער האָב איך מוירע אין די פרימאָרגנס
ווען ס'רעוון אוים פאַבריקן זייער רוף,
ערגעץ וויים איך ליגט דער טויט פאַרשטעקט צווישן די מאַשינען
און לויערט ווי אַ הונגעריקע כאַיע אַף מיין גוף.

ל ײ. ב ס אַ ב ר י ן

## אַנדזשעלאָ

ס'האָט יענעם טאָג
אַן אַלטע צװיג, מיט רױטע אױגן און אַ סלינענדיקן פּיסק,
װי פּאַר אַן אומגליק זיך באַ אים הינטער דער טיר צעבילט;
ס'האָט יענעם טאָג
אַ קלױסטער־גלאָק געװרופן צו אַ סרײפע אין דאָרף
און װי אַ הונגעריקער װאָלף
אין קוימען האָט געװײנט דער װינט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ס'האָט אַנדזשעלאָ
זײַן סוקעװאַטע שטעקן אין דער האַנט געגומען
און האָט אַ קוש געטאָן דעם בלינדן טאַטן אין די טױטע אױגן
װי אַ יונגער בױם אינמיטן פעלד, אַן אױסגעבױגענער פון װינט,
איז ער אַװעק
צום לעצטן מאָל דעם גאַלעך זיך פאַרנײגן.
אַף פרעמדער ערד
האָט ער זײַן לײב װי אַף אַ מאַרק געבראַכט,
און זײַנע יונגע טעג
און שטאַרקע הענט
אַף טרוקן ברױט פאַרביטן;
באַנאַכט האָט ער פון שלאָף געװײנט און פון זײַן הײם געכאַלעמט,
באַטאָג האָט ער װי אַף אַ פערד
אַף באַלקנס שטאָלענע געריטן.
און ס'האָבן טעג פון שװערער מי און אומרואיקע נעכט
װי אונטער קלעפּ פון שװערע האַמערס, אַנגעגליטער שטאָל,
זײַן קערפּער אױסגעבױגן;

לאַנג האָט שױן אַנדזשעלאָ זײַן פֿעלד און דאָרף פֿאַרגעסן
און אױפֿגעהערט צו כאָלעמען פֿון אַלטן טאַטן מיט די בלינדע אױגן.
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

**איצט,**
װען מ׳שלעפּט אים, אַנדזשעלאָן
אַן אײַנגעטונקענעם אין אײגן בלוט
פֿון אונטער שטאָל און בערג מיט ציגל,
זעט ער דעם בלינדן טאַטן זײַנעם טאַפּנדיק דעם שמאָלציקן פּסאַלטיר
און הערט װי ס׳רײַסט זיך אין די אױערן צו אים
אַ בײזער װאָיענדיקער װינט
װי יענעם טאָג —
װען ס׳האָט אַן אַלטע צװײַג געבילט בײַ אים הינטער דער טיר...

ל י י ב  ס א ב ר י ן

# ד ז ש י ן

דזשין האָט אירע טעג פאַרזייט אין פינצטערע פאַבריקן,
און ווי בייטן בלומען מיט טרערן זיי באַגאָסן;
גייען איצטער אוף אַזוינע ווינענדיקע יאָרן
און ווינען אוים איר פיין ווי הוילע פעלדער זייער צאַר אין אסיען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ס'האָבן גרויע ווענט פון שטיינערנע פאַבריקן
ווי מיט צוואַנגען אייזערנע איר מיידלש לייב פאַרקלעמט
און צעוויגטע רעדער פון שטאָלענע מאַשינען
האָבן ווי מיט ציין זיך איינגעביסן אין אירע הענט.
איז שוין דזשין איצט אַלט און אויסגעבויגן,
מיט גרויע האָר איז שוין איר קאָפּ באַצירט;
ווי שאַרפע מעסערם שטעכן זי די גלידער
און ס'לעשט זיך פון די אויגן איר דאָס ליכט.
דזשין ווייסט, אַז די שווערע טירן פון פאַבריקן
וועלן באַלד פאַרהאַקן זיך פאַר איר, —
וועט די נויט מיט לאַנגע אָנגעשאַרפטע נעגל
שוועבן ווי אַ הונגעריקער אָדלער איבער איר.
און באַנאַכט, ווען דזשין לייגט רוען איר מידן קערפּער
בעט זי בּאַ איר אומבּאַקאַנטן גאָט:
ער זאָל אַ טאַרבע אַף דער פּלייצע איר ניט אָנטאָן,
ער זאָל ניט מאַכן איר גרויען קאָפּ צו שפּאָט.

צ ו ו י ש ן   מ ע נ ט ש ן

*BREAD LINE*

ווי דאָרשטיקע קעמלען באַגינען אין מידבאָר,
וואָס זוכן אַ קוואַל צווישן זאַמדיקע טרעפּ,
שאַרן זיך רייען צעכראַסטעטע שאָטנס
מיט פּלייצעס האָרבאַטע און געזונקענע קעפּ.

נאַכט האָט געלאָזט אַ נעדיזנע דער שטאָט —
טויט אין די אויגן און פראָסט אין די ביינער,
נאַכט האָט פאַרגעסן פאַרנעמען מיט זיך
דעם טרויער, וואָס ווײַנט איצט אַרום פון די שטיינער.

איבער די קעפּ פון צעהויקערטע שאָטנס
הענגט ווי אַ באַרג אַ פאַרכמאַרעטער הימל,
הינטער די כמאַרעס ציטערט די זון,
ווי ווינטער אין נאָרע אַ בער אין זײַן דרימל.

באַלד וועלן הייליקע נאָפּקעס זיך ווײַזן
און אויסטיילן טעפּעלעך קאַווע מיט ברויט,
יעזוס וועט רוען אַף זייערע ליפּן
און גלעטן אַף שאָטנס צעיאָטערטע הויט.

פאַרגליווערטע הענט, ווי פאַרזשאַווערטע צוואַנגען,
וועלן זיך ציען מיט טעמפּע פאַרברודיקטע פינגער,
די זון וועט אין כמאַרעס אויסגליען לעבער —
ס'זאָל ליכטיקער בלישטשען אַף גאַסן דער הונגער...

ל ײ ב ס אָ ב ר י ן

## האָרבסט

האַרבסטיקע נאַכט
האָט איר פּעכיקן מאַלבוש
ערגעץ פון יענער זײַט שטאָט שוין פאַרברענט ;
שאַרט זיך אַ פוילער פאַרטאָג
איבער גאַסן
און װעבט אױס פון גרױען פאַרנעפּלטע װענט.
אין גרויען פאַרטאָג
האָט אַ האַרבסטיקער רעגן
אָפּ דעכער און שויבן דעם עלנט באַװײנט
און שטום נאָר פאַראַקשנט
מיט בלוטיקע אויגן
האָט הונגער
זיך היימיש אָף שוועלן צעלייגט.

כ'האָב אין אַ שאָ אין אַ בייזער אַזאַ
ווי פרענטעס צעגליטע
געטראָגן די הענט צו פאַרקויפן,
כ'האָב זיך געלאָזט אין אַ שאָ אין אַ בייזער אַזאַ
ערגעץ פון זיך
אין מיין אומרו אַנטלויפן.

ווי קראָען אָף פעטע פאַראיפעשטע פאַדלעס
מיט אָפענע מיילער
און גיריקע אויגן,
האָב איך צעהויקערטע שאָטנס געזען
איבער פעסער פון אָפּפאַל געבויגן.
האָט שווער ווי אַ האָרב

צווישן מענטשן

מיך געבויגן דער טרויער
און ס׳האָבן פון פיין מיר געגליווערט די גלידער,
כ׳האָב אין פאַבריקן געקלאַפּט אין פאַרריגלטע טירן
און געדעדט ווי אַ נאַווי
צו דערשלאָגענע ברידער.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

איצט,
זיץ איך דער „נאַווי“ אין פּאַרק דאָ און גליווער
און פּוץ מיינע ליפּן מיט טריט פון די ציין; —
אַ פּענצטער
באַצירטע מיט ברויט און מיט פליייש
כ׳טראַכט
פון אַ שאַרפן־שפּיציקן שטיין...

ל י י ב  ס א ב ר י ן

## דזשאָן דער פּאָרטער

אַז ס'האָבן אָנגעהויבן ציטערן דזשאָנ'ס הענט
און זיינע אויגן האָבן זיך צעטרערט, —
האָט דזשאָן אין קעלער אַף אַ קופּע קוילן זיך געזעצט
און פון זיין אַלטן לעבן זיך פאַרקלערט.
ער געדענקט: פון קאַראָליינער באַוול־פעלדער האָט אים טאַטע אַהער געבראַכט
פון יענעם דאָרף וואו מ'האָט מיט בייטשן אַלט און יונג געקאַטעוועט די לייבער,
וואו מ'האָט זיין טאַטן דאָרט אין מיטן דאָרף פאַרברענט
און מ'האָט אין יעדן הויז צעלייגט די מיידלעך און די יונגע ווייבער.
— אָ, אַלטער גוטער טאַטע! אַף זיינע דאַרע הענט האָט ער
דעם קליינעם דזשאָנען דעמאָלט אינם וואַלד געבראַכט;
באַנאַכט זענען זיי ווי ווערים אַפן בויך געקראָכן,
באַטאָג האָבן זיי אין נאָרעס אַפן טויט געוואַרט.
דערנאָך האָט מען ווי בעטלער איבער שטעט געוואַנדערט —
ביז טאַטע איז ווי אַ פערד אין מיטן וועג געפאַלן טויט,
האָט דזשאָן די יונגע הענט זיינע פאַרקויפט
פאַר אַ ברודנע בעט אין קעלער און אַ טרוקן שטיקל ברויט.
איצטער איז שוין דזשאָן אַן אַלטער מאַן
און ס'ציטערן באַ אים ווי באַ אַ ניכפּעניק די הענט;
יעדע נאַכט אין באַלעם וואַיעט טאַטע צעקאָפּענס באַ זיין בעט
און ווייזט אים אַפן פייער, וואו זיין טאַטע האָט געברענט...

צווישן מענטשן

## מעגי

די שוואַרצע מעגי זיצט איצט שיווע
נאָך איר אייגן לייב:
זי האָט היינט איר מיידלשאַפט פאַרקויפט
פאַר זאַקן זיידענע און שמעקנדיקע זאַלב.

איז ווי איז איר אַצינד
און ווי צו איר צעברענטער שאַנד, —
וואָס וועט דזשימי איצטער זאָגן,
איר געליבטער ברוין־געוועקסלטער מולאַט?

אַז ווי אַ זוינע האָט זי זיך
געוואַלגערט אין אַ פרעמדן בעט,
און ווי אַ הינטל זיך געלאַשטשעט
צו דעם אַלטן ווייסן „בעסטערד" טעד.

— אָ, דזשימי! נעם דיין גאַל־מעסער און שנייד!
שנייד אַראָפּ פון מיר די נאַפּקעדיקע גלידער!
כ'האָב פאַרשעמט מיין שוואַרצן שטאַם,
כ'האָב פאַרשעמט די שוואַרצע ברידער!

ל י י ב ס א ב ד י ן

# מ ע ק

נאָך איידער מעק האָט פאַר דער וועלט זיין ברוינע הויט באַוויזן
האָט שוין זיין מאַמע זיין געביין פאַרשאָלטן און באַוויינט; —
און ערגעץ־וואו האָט זיך אַ ווייסער יונג באַרימט:
אַז אין אַ קיך האָט ער אַ שוואַרצע מויד צעלייגט.
איצט איז שוין מעק אַ גרויסער יונג אַ שטאַרקער
און ס׳וויינט אין אים ס׳פאַרשאָלטן בלוט פון העפקערהדיקן טאַטן,
ווי צו זיך אַ פרעמדער קנייפּט ער אין די נעכט זיין אייגן לייב
און פילט ווי ס׳בריען אים די אָדערן ווי אָנגעגליטע דראָטן.
מעק האָט שוין לאַנג געקושט דעם גאַלעך ווילסאָנ׳ס ציילעם און
געשוואוירן:
אַז ר׳וועט דעם טאַטן קיינמאָל ניט פאַרגעבן זיינע זינד,
אַז פאַר זיין מאַמעס מיידלשן פאַרשעמטן גוף
וועט ער אים מיט אַ גאַל־מעסער קוילען ווי אַ רינד.
איצטער שלעפּט ער מיט זיין אומרו זיך פון שטאָט צו שטאָט
און זוכט זיין טאַטנ׳ס האַלדז אויף יעדן ווייסן מאַן,
ווי אַ וואַכער יאַגד־הונט שפּירט ער זיינע טריט —
און טראַכט ווי טיף דאָס גאַל־מעסער וועט אין זיין האַלדז אַריין...

## *THE UNKNOWN SOLDIER*

ווי אַ שאָטן בלאָנדזשעט מערי אום צווישן קוואָרים
און זוכט מיט אויסגעוויינטע אויגן איר יונגן זון דעם זעלנער,
וואָס האָט געלאָזט זיין אַקער זשאַווערן אין שייער
און האָט פאַרזייט זיין לייב ערגעץ אַף ווייטע פעלדער.

מערי ווייסט ניט, אַז די ביינער זיינע זענען דאָ ניטאָ,
אַז די גלידער זיינע פוילן אין אַ פרעמדן לאַנד;
מערי לייגט אַ קרענצל בלומען אַפן קייווער פונם אומבאַקאַנטן זעלנער
און גלעט די שטיינערנע מאַצייווע מיט אַ ציטערדיקער האַנט.

יעדן טאָג קומט זי מיט דריבנע טריט צום קייווער,
נעמט אַרום מיט אירע דאַרע הענט דעם שטיין,
טוליעט־צו די ליפּן צו די אויסגעקריצטע אויסיעס
און פאַרגייט זיך אין אַ הייזעריק געוויין:

— אָ, דזשאַני ווייז זיך פאַר דיין מאַמען כאָטש אין כאָלעם,
זאָג, צי דו ביסט דאָס דער אומבאַקאַנטער זעלענר?!
וועל איך הייסן גראָבן זיך אַ קייווער לעבן דיר,
וועל איך ברייגנען בלומען דיר פון אַלע פעלדער!

ל י י ב ס א ב ר י ן

## ז ע ל נ ע ר

אַף ווייטע ערדן האָט מען זיי פאַרטריבן,
ווי הינט זיי אָנגערייצט אַף פרמדע פעלקער;
פרעמדע האָב־און־גוטס געהייסן היטן
און אייגנס לאָזן הינטער זיך אַף העפקער.

גייען זיי פון שטאָט צו שטאָט ווי בעטלער,
שלעפן שווערע טאָרבעס סוכאַרעס און קוילן;
שלעפן ברודנע קליידער אַף צעפריטע לייבער,
קאָרטשן זיך פון ווייטאָקן און גרילן.

רוען מידע קערפּערס וואו ס'מאַכט זיך:
אין פייכטע שייערס צי אין נאַסע גריבער,
לויזט מען דאָרט זיך איינס ס'אַנדערע ווי מאַלפּעס
און מ'זינגט פון בענקשאַפט אומעטיקע לידער.

באַנאַכט פאַרגאַנווענען זיך אין די קעפּ כאַלוימעס:
כאַלעמט מען פון שיינע ווייבער און צעבליטע מיידן,
כאַלעמט מען פון זאַטע מאַלצייטן אין ווייטע היימען —
וויינט מען אויס פון שלאָף דערשטיקטעליידן.

# נאָך אַ מילכאָמע

ס'קוקן מאַמעס אַף די בילדער פון די טויטע זין,
וואָס האָבן ערגעץ־וואו אַף ווייטער ערד פאַרזייט זייער געביין,
רייסן זיך די גרויע האָר פון זייערע אַלטע קעפּ
און פאַלן צו דער ערד מיט אַ געוויין.

אין די גאַסן גייען קינדער אום מיט פינגער אין די נעזלעך,
קוקן אַף די קאַליקעס וואָס דרייען זיך דאָ אום,
זוכן זייערע טאַטעס מיט פאַרבענקטע אויגן —
און שאַרן זיך צוריק אַהיים פאַרשעמט און שטום.

יונגע אַלמאָנעס וואַרפן אין די נעכט זיך אַף די בעטן,
דריקן צו די קישנס די צערייצטע בריסטן;
גראַבלען מיט די נעגל זייערע הייסע לייבער
און קלאָגן אַף אַ לעבן אַזאַ איינזאַמען און וויסטן.

ל ײ ב   ס א ב ר י ן

## צו אַ מאַרטירערס מאַמע

(צום אָנדענק פון סטיװ קאַטאָװיס)

װער װעט דיר קומען דאָרט אין דערפל אָנזאָגן די בלוטיקע בשורה,
װען דו װעסט שפּינען פלאַקס באַ זיך אין שטיבל, זינגענדיק אַ ליד?
װער װעט מיט ציטערדיקע פינגער אַ פּויק טאָן אין דײַן פענצטער
און אָנזאָגן, אַז ס'פּוילט שוין אין דער ערד דײַן קינד?

װעסט װי אַן אָפּגעהאַקטער בױם אַ פאַל טאָן אָפן דיל מיט אַ געװײן
און אָנהײבן די גרױע האָר פון קאָפּ, װי אַ משוגענע, זיך רײַסן,
װעסט זיך שלאָגן אינם בױך, פאַרשעלטנדיק דײַן טראַכט
און מיט די אַלטע אױסגעפּױלטע צײן די הענט דײַנע צעבײַסן.

באַנאַכט װעט סטיװ פאַר דיר אין כאַלעם זיך באַװײַזן
און האַלטן אין אַ שיסל אײגן בלוט זײַן מערדערס שאַרבן,
װי אַ קינד װעסטו אים נעמען אַף די הענט און אױסקושן די װאונדן
און נאָכדעם גרײטן זיך אַ רואיקע צו שטאַרבן.

צווישן מענטשן

## מאַרטירער

וועט מען היינט אַ שוואַרצע פאָן צעוויקלען
און אַרופציען אַפן שפּיץ פון טורמע ;
וועט אַ מאַמע היינט איר זון באַוויינען
און מיט טרערן אויסבעטן זיין טרונע.
ס'וועט אַ גלאָק אין טורמע-קלויסטער זיך צעוויגן
און וועט אויסקלינגען אַן אומעטיקע טפילע,
שוואַרצע קראָען וועלן פּאַטשן מיט די פליגלען
און מיט הונגעריקע אויגן קוקן אַף דער טליע.

וועט מען היינט אַ רויטע פאָן צעוויקלען
און הויבן שטאַרקע פויסטן צו דער וועלט ;
מיט אַ בלייכן שמייכלענדיקן פּאָנים
וועט היינט גיין צו דער טליע אַ העלד.

## לייב סאַברין

* * *

ווי אַף אַ קרעציק לייב אַ זאַלב פון אויסגעוועפּטער סירקע
האָט עמיצער
צעשמירט די זון אַף ברודנע שויבן —
נאָר באַלד, ווען סיי־ווי־סיי די נאַכט
אין אַזאַ שוואַרצן גרוב פאַרנאַרן ס'ביסל גאָלד
און ס'וועלן אויגן גלעזערנע פון מויערן
אין זעלבן ברוד פאַרבלייבן.
פאַר ווען נאַכט וועט ברענגען פולע פורן פרייד,
פאַר וועמען נאָר אַ פּיסנע שטיקל ברויט;
ערגעץ צווישן גרינע שימלדיקע ווענט
וועט עפּשער איבער וויגן לויערן דער טויט.
ערגעץ וועט אַ בעטלער
ציילן זיינע אויסגעוויינטע פּענים
און פרייען זיך מיט די געליימטע פיס,
אין אַ פאַרלאָזטער כורווע,
צווישן פּעטע כוצפּעדיקע שטשורעס,
וועט זויגן זיינע הענט אַ הונגעריקער ריז.
נאַכט וועט איינזאַפּן אין זיך
ס'געוויין פון שוואַנגערדיקע קעץ
און וועט מיט מאַיסעלעך פון טויבן־מילך
איינשלעפערן
קינדערלעך געשוואָלענע פון הונגער;
אין דער פאַרלאָזטער כורווע
וועט פייניקן דער ריז זיין אייגן לייב
און ווי אַ הייליקער וואַרטן אַף אַ וואונדער.

## צווישן מענטשן

נאָר עפּשער וועט ער מאָרגן זיך אַרויסלאָזן אַף גאַסן
און ווי אַ שויב פאַרקיטעווען די זון אין מיטן הימל,
פון אַלע שטראַלן
וועט ער מאַכן לאַנגע גליענדיקע מעסערס
און אויסברענען
און אָפּשאָבן
פון שטאָט דעם ברוד און שימל.

ל ײ ב  ס א ב ר י ן

# *PARK AVENUE*

אַז איך דערזע דאָ בלומען אין די פענצטער
און באַ די טירן אָנגעצױגענע שװײצאַרן,
צעקאָכט אין מיר מײן בלוט זיך אַזױ װילד
און ס'גלוסט זיך מיר דאָ אימיצן דערװאַרגן.

כ'קום פון געסלעך, װאו ס'טאַנצט אַרום דער הונגער
און ס'בלאָנדזשעט אום אַ רױך פון פאַבריקן־קױמענס,
װאו ס'װאַכן ניט שװײצאַרן לעבן טירן
און בלומען זעט מען נאָר אין די כאַלױמעס.

דאָ כאָװעט מען װי קינדער קעץ און הינטלעך,
מיט גאָלד און סאַמעט האַלט מען זײ אין צירן;
אין די פרימאָרגנס באָדט מען זײ אין פאַרפיומירטע װאַסער
און דינסטן פירן אין די גערטנער זײ שפּאַצירן.

אין מײנע געסלעך, אונטער לאַסט־װעגענער װאַלגערן זיך קינדער
און ס'סילעט זײ דער טױט אַף זײנע בײנערדיקע פינגער,
אין מײנע געסלעך שטײען בעטלער אַף די ראָגן
און װאָיען אױס פאַר פענים זײער הונגער.

צוויש ן מ׳ענטש ן

## פרילינג אַף איסט, סיידער גאַסן

ניט קיין בעז צעבליט זיך אין די שמאָלע געסלעך
און פרישע גראָזן שפּראָצן פון די שטיינער ניט אַרויס; —
אַף טראָטואַרן שפּאַנט מען אום צווישן קופּעס מיסט
און ס׳טראָגט זיך אַ געשטאַנק פון יעדן הויז.

ברודנע קישנס לייגט מען לופטערן אין פרילינג דאָ אַף פענצטער
און מיט פאַרגעלטע לײלעכער באַצירט מען די באַלקאָנען;
קליינע אינגלעך גאַנוועגען פון „פושקאַרטס" ביסלעך גרינס
און יונגע מיידלעך טרוימען פון געליבטע און פון בלומען.

באַ די טירן זיצן אַלטע ווייבער איינגעהילט אין שאַלן,
ריידן פונם ווינטער וואָס איז פּלוצים ניט געוואָרן,
פון שוואַכע הערצער און פון רומאַטיזם
און לייקענען זיך איינס ס׳אַנדערע די יאָרן...

ל ײ ב ס אַ ב ר י ן

## פֿרילינג אין מײַן אוקראַינער שטעטל

איצטער בליען אין מײַן שטעטל
גרינע אַגרעסן און זאַפּטיקע מאַרעלן;
פֿון די דערפֿער קומען שיקסעס אַף יאַרידים
אויסגעפּוצט אין קווייטן און אין קרעלן.

קליינע אינגלעך לויפֿן באָרוויסע אַרום איבער די גאַסן,
שפּילן זיך אין „באַלשעוויקעס“, „דאַטשן“ און אין „פֿערד“;
אַלטע אידן זיצן אַף די פּריזבעס
און קעמען מיט די פֿינגער זייערע בערד.

אַפֿן ברידער־קייווער פֿון די שטעטלדיקע ערשטע רויט־אַרמייער
בליען בלומען אויס אַ רויטן סערפּ און האַמער;
ווייבער שלעפּן פֿולע קאָשיקעס פֿון מאַרק
און שעלטן ביזן דריטן דאָר אין טאַטנס טאַטן אַלע קרעמער...

# פאַרטאָג אין קלויסטער

אַ קלויסטער-גלאָק קלינגט אוים פאַרטאָג
און רופט צו טפילע פרומע ווייבער;
די ערשטע קומען אַן אַהין
זוינעס, פון דער נאַכט, מיט אויסגעקנייפּטע לייבער.

פאַרגלאָצט די אויגן צום אַלטאַר,
ד הענט פאַרקרייצט אַף דאַרע ברוסטן,
שעפּטשען זיי פון זייערע זינד —
פון זייערע זינד און פרעמדע גלוסטן:

„אָ, מוטער הייליקע, אָ, העלף!
פאַרגיב די בלאָנדזשענדיקע קינדער,
און דו, אָ, זון פון נאַזאַרעט,
פאַרגיב און טרייסט די זינדער!"

און ס'קלאַפּן זיך אַן דיל די קעפּ
פון יעזוסעס געטרייע טעכטער —
יעזוס פינטלט מיט אַן אויג
און מאַרי שטיקט זיך פון געלעכטער...

לייב סאָברין

## נאָנעס

אין שווארצע קליידער האָבן זיי זיך איינגעהילט,
מיט טפילעם און טאַנייסים געפייניגט זייערע לייבער;
מיידלשע פאַרלאַנגען האָבן זיי אין זיך דערשטיקט
און געוואָרן יעזוסן געטרייע ווייבער.

באַנאַכט צעלייגן זיי זיך אַף די האַרטע בעטן,
פאַרגלאָצן פרום די אויגן און זיי וואַרטן:
יעזוס זאָל זיי קושן, זייערע בריסטן גלעטן,
יעזוס זאָל באַרירן די צערייצטע טראַכטן.

צווישן מענטשן

## צו דיר

— גרינשפאַנען

ס'וועט ווען־ניט־איז
דיין ווילדער קוטשעראַווער קאָפּ
זיך הוידען אַף אַ טליע,
און בלינדע בעטלער, ווי צעקרימטע שאָטנס,
וועלן קומען דיך באַקלאָגן;
ווי אַ פּאַיאַץ
וועל איך מיט סאַזשע אויסשמירן מיין פּנים
און אין צעקרעלטע הענט
אַ קראַנץ פון קראַפּיווע אַף דיין לעוואַיע טראָגן.
אַז פרישע גראָזן וועלן אויסצירן
דיין זאַמדיקן געצעלט דעם ערשטן פרילינג,
און אין די נעכט
וועלן יונגע פּאָרלעך קומען שושקען זיך אַף די אַלייען —
וועל איך
מיט טויטע טריט אַ שטומער קומען צו דיין קייווער
און ווי פון בויך־אַרויס
אַ ווילדער פּלוצים זיך צעקרייען.
פאַרטאָג,
וועל איך אַ מידער ציילן מיינע טריט אַהיים
און ס'וועלן שטראַלן, ווי צעגליטע שפּיזן
אויסברענען אַ סימען אַף מיין שטערן;
הינטער זיך
וועל איך די מעסערדיקע בליקן דיינע שפּירן
און פרואוון אויסלעשן די זון מיט מיינע טרערן.

ל י י ב  ס אָ ב ר י ן

טעג און יאָרן וועלן ציען זיך
ווי שוואַנגערדיקע שקאַפּעס אין אַ בלאָטע
און ס'וועלן קינדער שוין
„דעם אַלטן לייב, דעם אויוועררבאָטל"
שלעפּן באַ די הויזן —
אַפילע דעמאָלט
וועל איך צערטלען טיף אין זיך
דיין שטאָלצן קאָפּ —
ווען כ'וועל זיך גרייטן מיינע אייניקלעך צו לויזן.

## ס׳ליד פון פוילן

מיין אַלטער קאָטער מיטן בלינדן אויג און יאַדישליוון הוסט
פאַרקלייבט אין די פרימאָרגנס זיך צו מיר אין בעט,
לייגט אַרויף זיין קאָפּ, ווי אַ געליבטע, אַף מיין ברוסט
און בעט זיך מיטן ווידל, כ׳זאָל אים געבן אַ גלעט.

אָ, אַלטער קאָטער מיינער, קריך־אַראָפּ און שמעק אַרום ס׳הויז,
פּעסטע זיך פאַר מיר ניט ווי אַ יונגע ווייב,
קריך־אַראָפּ און כאַפּ פאַר זיך אַ פעטע מויז
און מיך לאָז ליגן דאָ און טראַכטן פון אַ מיידלש לייב .

מיין אַלטער קאָטער דרייט ברויגעזדיק זיין קאָפּ,
ווייזט מיר, אַז ער האָט שוין ניט קיין ציין אין מויל,
קוקט צום אויוון, וואו ס׳שטייט פון נעכטן נאָך אַן אויסגעלעקטער טאָפּ,
און געניצט גלאַט אַזוי זיך אוים: „יאָפּ, באַלעבאָס, מיר זענען ביידע פויל״.

ל י י ב  ס א ב ר י ן

## ס׳ליד פון זעלבסטמערדער

איצט —
ווען כ׳שאַרף מיין גאָלמעסער אין מיטן נאַכט
און נעץ דאָס שאַרפשטיינדל
שוין מיט מיין לעצטער סלונע,
זע איך דיך
מיט וואַקסענע צוויי ליכט אין דיינע הענט
אויסבעטן מיט טרערן מיר מיין טרונע.
הער אוים פאַרשאָלטענע!
די נאַכט איז קורץ
און איך וויל ביז פאַרטאָג דעריאָגן נאָך דעם טויט —
איז אויב דו רייצט אַצינד דעם שפיגל מיט דיין לייב
טאָ שפיי דיין שאָטן אָפּ
און דריי מאָל רוף אים צוויג.
כ׳וועל באַלד זיך אַ געקוילעטער דאָ וואַרפן ווי אַ קאַלב
און מיט אַן אויפגעפּראַלטן האַלז
אַרויסכאַרכלען מיין לעצטע ליד,
מיט הייסן בלוט וועל איך פאַרמעקן אַלע דיינע בריוו
און רויטע קווייטן מאָלן אַף דיין בילד.
כ׳זע אָפּט דיך מיט דיין זשאַבע שלעפּן זיך אין גאַס
און אַזאַ פרעמדע פרייד טאַנצט אום איבער דיין פּאָנים,
פאַרשאָלטן ווער די קרעציקע
אינאיינעם מיט דיין וואָרעם —
כ׳בעט דעמאָלט גאָט
די גאַסן זאָלן ווערן קוואָרים.
דיין בויך גייט אויף
ווי אַ ראָשטשינע פון קאָרן-מעל אין מולטער
און ס׳קריכט אַ קרעציק שערעצל אַוואַדע דאָרטן אום;

## צווישן מענטשן

זאָל מאָרגן נאָכן זון פאַרגאַנג
אַ זון באַ דיר געבוירן
און יעדער אייווער זיין זאָל אים אַ מיעסער מום.
ס'איז נאַכט אַצינד אין שטאָט —
און רו אין אַלע הייזער,
אַוואַדע שלאָפן איצטער מידע פאָרלעך אין די בעטן,
אַוואַדע ווייסט מיין מאַמע ניט
אַז ס'קושט דער טויט אַצינד זיך מיט איר זון,
אַז באַלד
ווי אַ געליבטע וועט זיין גאָלמעסער אים גלעטן.
אויב ס'וועלן דיינע טריט אַמאָל
פאַרבלאָנדזשען צו מיין קייווער
נעם מיט דיין עלטסטן זון מיט זיך און היים אים מיך באַוויינען,
זאָג אים
אַז דאָס האָב איך זיין שטאָם אַף דוירעס לאַנג פאַרשאָלטן,
אַז כ'גרייט דאָ בערג מיט ווערעם אָן
באַגעגענען זיין טאַטן.

ל ײ ב ס א ב ר י ן

* * *

כ׳וועל הײַנט באַנאַכט מיט שטומע טריט
פֿאַרגאַנווענען זיך צו אַ פֿרישן קײיווער,
כ׳וועל אויסגראָבן אַ מעם די גרוים ווי איך
און אָנטאָן זיך אין זײַנע ווײַסע קלײידער.

דערנאָך וועל איך פֿאַרלעשן די לאָמטערנס,
זיך אויסשמירן דאָס פּאָנים און דעם קאָפּ אין ווײַסן;
צענעמען אין דער ברייט די הענט מײַנע ווי פֿליגלען
און ווי אַ נאַכט־וואַנדלער זיך לאָזן איבער גאַסן.

וועלן זיך שיכורים איבערשרעקן און אַנטלויפֿן
פֿרומע נאַפּקעס וועלן פֿאַלן צו דער ערד און קושן מיר די פּיס;
און איך וועל אָט אַזוי ארומגיין ביז באַגינען
און פֿרייען זיך ווי אין אַ לאַנד פֿון קאַרליקעס אַ ריז.

צ ו ו י ש ׳ ן  מ ע נ ט ש ן

# אַ גאַנעווס מאַמע

קיינער וועט ניט קומען טרייסטן די אַלטע מאַמע,
ווען איר זון וועט גיין צו דער טליע;
איינגעביסן אירע ציין אין אייגן לייב
וועט זי וויינען שעפּטשענדיק אַ טפילע.

דער טויט וועט שטשירען זיינע ציין און אַף איר קוקן,
טראָפּנס בלוט וועלן רינען פון זיינע ביינערדיקע הענט;
שיידים־קוילעס וועט זי הערן רעוועןֿ אַרום זיך
און שוואַרצע שאָטנס וועלן אַראָפּלאַכן פון ווענט.

ס׳וועט דער צאַר אַרויסווינען פון אַלע אירע גלידער
און איינקאָרטשען וועט זיך פון פיין איר גוף;
אין אַלע ווינקלען וועט זי זען טליעס
און הערן פון איר זון זיין לעצטן רוף.

און אַז דער טויט וועט שוין איר זון דערוואַרגן,
וועט זי נעמען אַף די הענט זיין בילד,
ווי אַ קינד וועט זי דאָס בילד פאַרוויגן:
„ליוליוניו־ליוליו אַף אייביק שוין, מיין קינד.“



(ערעוו־צייט)

ל ײ ב  ס אַ ב ר י ן

## אַן אַקאָרע

ס'האָט אַ מאַכשײפֿע נאָך אין איר מאמעס בויך איר אָפּגעטאָן אַ קישעף
און בײַ איר ערשטן קינדערשן געוויין אַרײַנגעשפּיגן אין איר טראַכט,
איצט גייט זי אום מיט שטילע טריט ווי אַ צערייצטע־קראַנקע קאַץ
און הילט אין שרעק זיך יעדן טאָג בײַם אָנקום פֿון דער נאַכט.

יעדע נאַכט באַקוקט זי פֿאַרן שפּיגל אירע גלידער
און כאַפּט זיך צום בויך מיט בעטנדיקע אויגן,
ווי אַ געווינערן צעלייגט זי זיך אין בעט
און קרעכצט ווי זי וואָלט אין דערעמעסן אַ קינד אַצינד געבוירן.

אין די פֿרימאָרגנס גראָבט זי איין דעם קאָפּ צווישן אירע קישנס
און קנייפּט דעם בויך און שעלט איר אייגענעם געביין,
מיט אירע נעגל גראָבלט זי די קיינמאָל ניט געזויגטע בריסטן
און הערט זיך איין אין אייגענעם צעווייטיקטן געוויין.

צווישן מענטשן

## שווייצאַרן

זיי באַוואַכן פרעמדע טירן ווי געטרייע הינט,
ווי זעלנער האַלטן זיי די קערפּערס אָנגעצויגן;
טאַמעוואַטע שמייכלען רוען אַף זייערע ליפּן
און נעבעכדיק פאַריעזוסט קוקן זייערע אויגן.

מיט שטייפע קראַגנס ווי זיי וואָלטן וועלן זיך דערוואַרגן
האָבן זיי די העלדזער אויסגעצירט,
אין פאַלשן זייד און פּליוש, ווי גרויסע ליאַלקעס
זענען זייערע לייבער איינגעהילט.

אַלע טאָג, פון בלויען מאָרגן ביז דער שפּעטער נאַכט,
שטייען זיי ווי איינגעגראָבן לעבן די טירן:
טראַכטן פון די ברודנע היימען און אויסגעדאַרטע קינדער
און פון די ווייבער, וואָס ליידן נעבעך פון געשווירן...

ל ײ ב  ס אָ ב ר י ן

## ס׳ליד פון געבוירענעם קאַליקע

ס׳האָט מיך אימיצער נאָך אין מיין מאַמעס בויך פאַרשאָלטן:
כ׳זאָל מיינע הענט און פיס אין בויך באַ איר פאַרגעסן,
כ׳זאָל זיך שאַרן אין די גאַסן ווי אַן אָפּגעהאַקטער שאָטן
און פאַר אַביסל קופּער אויסזינגען „דאָס ליד פון דער פאַרקישעפטער
פרינצעסן“.

מיינע אומזיסטע טעג זענען ווי שאַרפע מעסערס אין מיין לייב
און מיינע אומעטיקע נעכט זענען צעררייצטע קינע צו געזונטע
מענער;
ווי אַ הונגעריקער בלינדער וואָלף, וואָיע איך אויס באַנאַכט מיין
פיין

און פּיל, ווי ס׳ווערט מיין שטיקל גוף פון ווייטיק מיר נאָך קלענער.
אָ, וויי צו מיר, און וויי צו מיינע בעטלערישע יאָרן!
ווער וועט דען ווייגען ווען איך וועל קראַפּירן?
ווער וועט פאַרברעכן דען די הענט און רייסן זיך די האָר,
ווען מ׳וועט מיך שוין צום לעצטן מאָל איבער די גאַסן פירן?!

## בלודנע הינט

די צונגען האַלטן זיי אַרויסגעשטעקט און סאָפּען,
מיט זשעדנע בליקן בלאָנדזשען זיי אַרום איבער די הויפן ;
פּרואוון אויסכאַפּן די מאָלצייטן באַ קינדער
און ערגעץ־וואו אין אַ באַהעלטעניש אַנטלויפן.
אַז זיי דערזעען שטעקנס און דערשמעקן הייסע וואַסער
פאַרדרייען זיי די ווײדלען און הויבן אויף אַ נעבעכדיק געוויין :
„אָ, גוטע מענטשן זעט ווי ס'קריכן אויס די האָר פון אונזערע פעלן,
אָ, זעט ווי ס'שאָקלען זיך פון הונגער אונז די ציין".
פאַרפּיומירטע פאַנסקע הינטלעך האָבן זיי פיינט
און זענען גרייט אַף דריבנע שטיקלעך זיי צערייסן ;
מיט שטוב־הינט שלאָגן זיי זיך איבער קישקעלעך און נאַסע שטיקלעך ברויט
און וואַרפן זיך אַף זיי און ווילן כאַטש די ווײדלען זייערע צעבייסן.
אין די נעכט, ווען שטוב־הינט וואַכן איבער פרעמדע האָב־און־גוטס,
צעלייגן זיי זיך אַלע לעבן היצלם הויז,
הויבן־אויף די קעפּ אַרויף צום שוואַרצן הימל
און בילן זייער בלודנע לעבן אויס...

## ל ײ ב ס אַ ב ר י ן

* * *

מיר זינגען אױס פֿאַר פֿרעמדע מענטשן אונזער צאַר
װי בלינדע בעטלער אַף יאַרידים זײער פּײן;
מיר שנײַדן־אױף די לײַבער אונזערע מיט רײד
און קװיקן זיך מיט אײגן בלוט, װי מיט געשמאַקן װײַן.

פֿאַר אונז גײט־אױף די זון אין מיטן נאַכט
און צירט אונז אױס מיט גאָלד די גרױע װענט,
װי אַ לאַבן ברױט צעשנײַדן מיר די זון
און טײלן שטיקער פֿון איר אױס דער גאַנצער װעלט.

ס'װאַכט באַ אונז דער טרױער באַ די שװעלן
און ס'פֿראַלט די פֿרײד ניט אױף אונזערע טירן,
מיר גײען אום פֿאַרלױרענע װי קינדער
און לאָזן זיך פֿון יעדן בלינדן פֿירן.

צווישן מענטשן

# געראַנגל

כ׳האָב אַף מיין לייב די געלע קאַרבן פון פאַרגיין דערקאָנט
און הינטער זיך די ביינערדיקע פינגער פונם טויט דערשפּירט;
פאַרוואָס? פאַרוואָס האָב איך אין אַזאַ לויטערן פרימאָרגן
זיך אין אַ בייזער שאָ אַליין צום טויט געפירט?
ס׳צאַנקט אין מיר נאָך ערגעץ וואו אַן איינגעשפּאַרטער ווילן —
איז עפשער נעמען מיט אַ מעסער אויסשניידן די געלע קאַרבן?
עפּשער איינטונקען דעם גוף אין אייגן הייסן בלוט?
און ווי אַ קראַנקער הונט, ניט איינקאָרטשען אין דרייען זיך און שטאַרבן.
איבער מיין קאָפּ גייט אוף מיט גאָבלים*) גאָלדענע אַ גליענדיקע זון
און גליט מיר אויס אַצינד מיין זשאַווערדיקן מעסער —
פון מיין צעכראָסטעט האַרץ פּלאָנטערן צום בויך זיך ריטשקעס בלוט

ווי רויטע ווייַן פון אַלטע רינענדיקע פעסער.
ס׳זויגט די זון איצט דעם סאַם פון מיינע וואונדן
און קושט מיר אויס מיין יעדן נאָך־ניט אויפגעוואַכטן אייווער;
כ׳וועל באַלד אין זיך צונויפבינדן מיין אופגעקניפּטן גלויבן
און ווי אַ יונגער לאָשעק לויפן פונם אָפּגענאַרטן קייווער.

---

*) גאָבלים — אינם אידיש־אוקראַינישן דיאַלעקט — זענען אייזערנע גאָפּלען אַף וועלכע מ׳שטעכט אַרוף סנאָפּעס

ל ײ ב  ס אַ ב ר י ן

## נ אַ כ ט

די זון פֿאַרנעמט די לעצטע שפּורן פֿון מײַן פֿרייד,
און ס׳פֿאַרעט שוין די נאַכט זיך באַ איר שוואַרצן טויער;
כ׳האָב נאָכן טאָג געיאָגט זיך ווי אַ דאָרפֿס-הונט נאָך אַ באַן
און האָב פֿון הינטן זיך פֿאַרפּלאָנטערט אין אַ נעץ מיט טרויער.

נאַכט וועבט-אויס אַ שוואַרצן טעפּעך איבער מיר
און ס׳ווינקען פֿון אים זילבערנע קופּערטעס צו דער ערד;
באַלד וועט אימיצער אַ כאַפּ-טאָן מיך באַם גאָרגל
און פֿאַר די אויגן וועט אַ בלישטשע-טאָן אַ הוילע שווערד.

כ׳וועל ווי אַ ניט-דערקוילעטע הענדל וואַרפֿן זיך און קרייען,
און ווי מיט פֿליגלען פּאַטשן מיט די הענט;
אין לויטערן פֿאַרטאָג וועל איך אַ נעם דערזען:
כ׳האָב מיט מײַן קרייען יענע נאַכט דעם טרויער און די נעץ
פֿאַרברענט.

ל י י ב ס אָ ב ר י ן

# בימיי דעניקין*)

— 1 —

אַ רויטער הימל הענגט
איבער די פלאַקערדיקע דעכער
און אונטן בלישטשעט אַזאַ קלאָרער שניי,
כ'ווייס ניט, צי זאָל איך איבערלאָזן
מיט די הינט דעם גויסעסדיקן ברודער?
צי גאָר ווי אַ מעשוגענער צעוואָיען זיך מיט זיי?
כ'ווייס, איך לויף איצט
ווי אַ לאָשעק פון אַ ברענעדיקער שטאָל —
און אַף דער שוועל האָב איך געלאָזט
דעם ברודער הינטער זיך;
ס'איז גרינג צו לויפן מיט די הוילע הענט,
ס'איז גרינג צו טאָפּטשען אינם שניי אָן שיך.
ס'איז יעדער הויז אַצינד:
אַ גרויסער ברענעדיקער שטורקאַטש
וואָס דראַפּעט זיך צום הימל,
אויסגליען דאָרט לעכער;
כ'זע צום ערשטן מאָל דעם מאַרק אַ ליכטיקן באַנאַכט,
כ'זע איצט בליצלאָמפּן גאָר הענגען איבער דעכער.
ס'האָט אימיצער
ווי מיט אַ שטריק פאַרפענטעט מיר די פיס
און ס'דאַכט זיך מיר:

*) אין דעם ליד פרוואוו איך איבערגעבן מיינע איבערלעבונגען, וואָס זענען פאַרבליבן אין מיין זיקאָרן פון יענער צייט, ווען איך בין אַלט געווען אַרום דרייצן יאָר.

ל י י ב  ס א ַ ב ר י ן

איך הער פון מיינע פיס אַ כאַרכלדיק געשריי —
וואָס שטיי איך ווי אַ גוילאָם לעבן קרעכצנדיקן קלומעק?
אַ שאָד, אַ שאָד מיט בלוט פאַרפלעקן אַזאַ ווייסן שניי.

— 2 —

ניט איך האָב יעזוסן
דעם שווערן קרייץ געהייסן שלעפּן
און כ'האָב אַוואַדע
מיט האָשטאַנע זיינע וואונדן ניט געשענדט,
פאַרוואָזשע הוידעט ער זיך
אַזאַ בייזער אָפן קלויסטער־טויער
און שרעקט מיך מיט די ווייסע אויסגעשטרעקטע הענט?
אָט שטיי איך איצט אין מיטן נאַכט
אַ באָרוועסער אין שניי
און וויין
און וואַרט:
ס'זאָל זיך אָצינד מיין גאָט פאַר מיר באַווייזן,
ר'זאָל מיט אַ „פייערדיקן גרימצאָרן" אָנצינדן דעם קלויסטער
און זיך צעכראַקען אָף די גויעם
מיט צעשמאָלצטן אייזן.
צווישן פייערדיקע כמאַרעס ווייזט זיך ניט מיין גאָט —
שטשירעט יעזוס אַ צופרידינער די ציין זיינע צו מיר,
באַלד וועט ער אַ כאַפּ טאָן מיין פאַרשנייטן קערפּער
און באַ זיין מאַמעס פיס
מיך קרייצן אָף דער קלויסטער טיר.
אַ, יעזוס, זע!
באַ דיינע גויעם
הוליעט שוין דאָס פייער אָף די דעכער,
ווי אָף אַ כאַסלירע
איז ליכטיק אַרום פויערישע הייזער —

איז ריים זיך אָפּ פון טויער און דערוווייז:
אַז דו ביסט שטאַרקער פון מיין גאָט,
אַז דו אַליין ביסט נאָר דער איינציקער דערלייזער.

— 3 —

פון וואַנען וועט די זון זיך היינט באַווייזן?
אָף וועלכער זייט פון הימל
וועלן שטראַלן זיך אַראָפּגליטשען אָף דר'ערד?
אַז איינגעטונקען איז אין זשאַר דער גאַנצער הימל
און נאַכט וועט דאַכט זיך בלייבן
אייביק דאָ שוין בלאָנדזשען אָף דער ערד.
ווי גרויסע היטלען צוקער
ציען זיך צום הימל
ווייסע קוימענס פון די אָפּגעברענטע דעכער
און שוואַרצע שויבן אויסגעשמירט אין סאַזשע
קוקן ווי מיט טעמפּע בלינדע אויגן;
אָף אַ פּידאַשעק ליגט אַ פרויען-קאָפּ
אין אַ פאַרפרוירן קאַליזשקעלע בלוט
און זוכט דעם גוף
וואָס ליגט לעבן אַ קופּע טינעף
איבערן בויך דאָס קלייד פאַרהויבן.
באַם ראַנד פון וועלדל ווערן רויטע כמאַרעס
אָפּגעפּאַרבט אָף גרויען,
און ווי אַ מענטש אין אַ פּאַלאַנקע
ראַנגלט דאָרט זיך מיט דער נאַכט דער טאָג —
אָט באַלד מיט שטאַרקע הענט
צעצשפּאַרן וועט דער טאָג די כמאַרעס
און ווי אָף אַ גלאַטער ברעט
זיך גיבן צו דער ערד אַ יאָג.
אין די „זאַליאָזנע“ קלייטן

## לייב סאַברין

לאַכט דאָס אייזן מיט אַ גליענדיק געלעכטער
און ריבאייזנס און ליעקעס
טוליען זיך מיט שרעק צו די גליענדיקע פּרענטעס,
שמאָלע שטיקער בלעך קאָרטשען זיך אַף קופּעס זשאַרנדיקע קוילן.
ווי אַף אַ בלאָנדער שיקסעס קאָפּ
אַ בינטל רויטע לענטעס.
אָט ליגט מיין פעטער מעכל
מיטן פלאַקסן בערדל צו דער פרישער זון
און ווי אַ וואָרעם
קריכט בײַ אים פון זייט אַ דינע ריטשקע בלוט —
אוי, פעטער מעכל!
הייבט זיך אוף און גיכער לויפט אַהיים,
די מומע צינע וועט
מיט קלאָלעס אייך צעשאָטקעווען ווי קרויט...

— 4 —

ווי אין אַ אויסגעהאַקטן וואַלד עטלעכע פאַרלאָזטע ביימער
שושקען פאָרלעך אידן זיך אין מאַרק,
יעדער טראַכט פון טויטע קרויווים און פאַרשעמטע טעכטער
און קוקט, צי קומען ניט די ראָצכים פונם „טאָלנער באַרג“.
איצט איז שוין נאַכט, און ס'קלאָגט אין זיך דאָס כאָרעוודיקע שטעט,
מיין ברודער ראַנגלט זיך אין קעלער מיטן טויט;
ווי אַ פרעמדער זיץ איך לעבן אים און בראָט קאַרטאָפליעס
און טינק אין וואַסער שוואַרצע שטיקער ברויט.

צווישן מענטשן

## ביינהאַשמאָשעס

— 1 —

אַף ברודנע־פאַררויכטערטע שויבן
צאַנקען צעשמאָלצענע קופּערנע שטראַלן —
אָט באַלד וועט אין פלאָנטער פון קוימענס
די זון זיך פאַרטשעפּן און פאַלן.
נאַכט וועט מיט שוואַרצע פאַרגליווערטע פאָלעס
שפּיצן פון קלויסטערס און דעכער פאַרדעקן,
דער טאָג צום באַגינען וועט טאַפּן דעם וועג
ווי אַ בלינדער אין כאָלעם זיין שטעקן.
כ'וועל ווי אַ שאָטן איבער גאַסן זיך שאַרן
און ציילן די אייגענע קעצישע טריט;
ערגעץ אין מיר וועט מיין אומעט מיך נאָגן
און וועבן אַ פאַרשפּעטיקט בענקענדיק ליד.

— 2 —

בלויער באַגינען גייט אויף אין מיין שטעטל,
זילבערנער טוי ווינקט פון דעכער צום הימל,
דעם שטויב פון די גאַסן פאַרקערן די הינט מיט די ווידלען
און לעקן און הריזן פון פלויטן דעם שימל.
ליימיקע שטיבלעך מיט פענצטער פאַרקלאַפּטע
קאָרטשען זיך איין פון פאַרטאָגיקער קעלט —
ערגעץ אַף באָנטענעס הענגט דאָ מיין וויגל
און וויגט פאַר מיר אוים מיין קינדערשע וועלט.
בין איך געקומען אַצינד אין מיין שטעטל
קושן אין שטויב מיינע קינדערשע טריט,
לייגן אין וויג זיך מיט אויגן פאַרמאַכטע

און זינגען מיין מאַמעס אַ „זשאַלעבנע"ליד.
נאָר פּוסט זענען גאַסן און שטום זענען שטיבלעך,
איז ווער פאַרן גאַסט וועט אַ נויג טאָן דעם קאָפּ?
עפּשער זיך לאָזן צום אַלטן פאַרוואַקסענעם צווינטער
און העלפן דאָרט מעקען דעם קאַלשן פאַרגעסענעם צאָפּ?

— 3 —

ס'שאַרט שוין די זון זיך באַם ראַנד פונם הימל
און צירט אוים דעם קלויסטער מיט גאָלדענע קרעלן;
באַלד וועט דאָס שטעטל אין שוואַרצן זיך פאַרבן
און מייסים אין וויסן וועלן רוען אַף שוועלן.
ס'וועט זיך באַווייזן מיין זיידנס צעפּאַטלטע באָרד
און טאַנצן אַ „פריילעכס" מיטן שיקערן גאַלעך,
פון ערגעץ וועט מאַרי „די הייליקע" קומען
און טראָגן אַף די הענט אַ צעבלוטיקטן מאַלאַך.
פאַרזשאַווערטע צלאָמים און פאַרשימלטע טוירעס
וועלן באַם אָמעד און אַלטאַר זיך צעוויינען:
„גאָט באָרוכהו האָט, ווייזט אוים, אונדז פאַרגעסן
קומט אונדז ניט קיינער ניט קושן, ניט לייענען."

— 4 —

נאַכט האָט שוין לאַנג פון דער שטאָט זיך פאַרנומען
ראַנגלט זיך איצט מיט קוימענס די זון,
באַלד וועלן מעסערס גאָלדענע פאַלן
און שניידן אין רויך פענעצלעך זון.
באַלד וועלן קוימענס אין שטאָט זיך צערעוועון
און רייסן פון בעטן פאַרשלאָפענע גלידער;
וועלן זיך באַנען און שינעם צעוואָיען
און פירן פאַרקאָוועטע הענט אַף יאַרידים.